באַוועגלעכע כרעסטאָמאַטיע,
צונויפגעשטעלט פון ש. באַסטאָמסקי.

אברהם רייזען



# דערציילונגען:

1. אַ דראַמע איבער פינף קאַרטאָפּלעס.

2. די נאַשערין.

3. אין די ריכע גאַסן.

פאַרלאַג „גרינינקע ביימעלעך“

1930 ווילנע

# אַ דראַמע איבער פינף קאַרטאָפלעס.

— וואָס, מע קען שוין די קאַרטאָפל אָפּזייען? — האָט פריידע געפרעגט מיט אַ שטאַרק ערנסט פנים קוקנדיק צום טיש, ווו איר מאַן, שלמה דער שניידער, האָט גענייט מיט צוויי אַרבעטער.

שלמה האָט נאָך אַפילו קיין צייט ניט געהאַט צו לאָזן די אַרבעט. ער האָט נאָך געדאַרפט איין אַרבל ענדיקן און צושניידן אַ פּאָר הויזן פאַר די אַרבעטער. גאָר דערהערנדיק דאָס וואָרט קאַרטאָפל, האָט זיך ביי אים דער „יצר הרע" אַזוי צעפלאַמט, אַז ער האָט גלייך אויסגערופן:

— וואָס פרעגסטו, נאַרישע יידינע? אַוואַדע אָפּזייען! קאַרטאָפל אַז עס ווערט פאַרטיק, זייט מען עס אָפּ. וואָס דען, לאָזן איבערקאָכן זיך?..

— אַלץ ווייס ער! — האָט פריידע זיך געקרימט.

וואָס, עפּעס גוטע קאַרטאָפל? זיי צעפאַלן? — האָט שלמה געפרעגט, ניט באַמערקנדיק פריידעס קרימערייי...

— וועסט עסן, וועסטו וויסן! — האָט פריידע בייז געענטפערט.

— נו, חברה! נעמט צו פון טיש! לאָז מען שוין עסן אָנבייסן! — האָט שלמה געקאָמאַנדעוועט מיט אַ לוסטיק פייערל אין די אויגן.

די „חברה", וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי דאַרע בחורימלעך, האָבן פלינק אַוועקגעוואָרפן די אַרבעט, פונקט ווי זיי וואָלטן עס מער צוריק קיינמאָל ניט באַדאַרפט נייען, האָבן אַוועקגעשטעלט דעם פרעס אונטערן טיש און זיינען שוין געווען גרייט מיט זייערע הונגעריקע מיילער איינשלינגען דאָס, וואָס די „גוטע" באַלעבאָסטע זייערע, פריידע, וועט זיי דערלאַנגען.

נאָר ביי פריידען איז עס נאָך, קענטיק, ניט אינגאַנצן פאַרטיק געווען. זי האָט זיך נאָך געפּאָרעט מיט גרויס פאַרטראָגנקייט אין אויוון, פונקט ווי דאָרטן וואָלטן זיך הינער געבראָטן.

אַז פריידע האָט שוין מיט גאָטס הילף די קאַרטאָפל פון אויוון אַרויסגענומען און אַוועקגעשטעלט דאָס טעפּל אויפן פריפּעטשאָק, האָבן די צוויי אַרבעטער פרייער אָפּגעאָטעמט. שלמה אַליין, אַלס באַלעבאָס, איז מיט בריטקייט צוגעגאַנגען צום פריפּעטשאָק, און איידער פריידע האָט נאָך געקומען אָפּזייען, האָט ער אַ כאַפּ געטאָן פון טעפּל מיט די הענט אַ צוגעבראַנטע קאַרטאָפל. די קאַרטאָפל איז אָבער זייער הייס געווען. שלמה האָט זי ניט געקענט איינהאַלטן, און זי איז אַרויסגעפאַלן פון זיינע הענט אויף דרערד.

די צוויי אַרבעטער, וועלכע האָבן פון אָנהייב אים שטאַרק מקנא געווען און ניט פאַרגונען, וואָס ער גייט צו צום טעפּל נעמען אַ קאַרטאָפל, האָבן זיך ווי מיט נקמה צעלאַכט אויף דער שרעקלעכער סיבה.

און פריידע האָט אויפגעעפנט איר מויל און האָט אָנגעהויבן צו שרייען:

— אַ קאַרטאָפל געפּאַטערט! טריפה האַלדז! איינהאַלטן קען זיך דאָס ניט, אַזוי ווי איך וואָלט עס געטראָגן פאַרקויפן!

שלמהן האָבן פריידעס קולות קיינמאָל ניט געאַרט, בפרט ווען עס גייט אין אַ קאַרטאָפל. און ווען זי האָט שוין די קאַרטאָפל געזען, האָט ער זיך מכין געווען

ווידער אַ כאַפּ טאָן פון טעפּל אַ קאַרטאָפל. נאָר פריידע, באַמערקנדיק עס (אוי, האָט פריידע שוין געקאָנט אים!), האָט מיט אַ ווילדן כּעס אַ געשריי געטאָן:

— דו לאָזט מיר, פרעסער, אָפּזײַען די קאַרטאָפל, צי ניט? וואָרום איך שיט אויס באַלד דעם טעפּל קאַרטאָפל אויף דרערד!

שלמה האָט מורא געהאַט צוליב איין קאַרטאָפל פאַרשפּילן די גאַנצע, און קוקנדיק מיט אַפּעטיט אויפן טעפּל, איז ער זיך געגאַנגען וואַשן.

— איר האָט, אַפּנים, מורא פאַר הייסע – האָט בײַם וואַשן זיך אַ דאַרער אַרבעטער בערציק געפּרוּווט מאַכן אַ שמועס וועגן דער אַראָפּגעפּאַלענער קאַרטאָפל.

שלמה האָט אים גאָרניט געענטפערט, נאָר מיט אַ שאַרפקייט אויף אים אַ קוק געטאָן. דער אַרבעטער האָט חרטה געהאַט, וואָס ער האָט דעם באַלעבאָס אויפגערייצט פאַרן אָנבײַסן און האָט אין האַרצן אַ נדר גענומען קיין זײַטיקע זאַכן מיטן באַלעבאָס קיינמאָל ניט ריידן.

* * *

דער „עולם" האָט זיך געזעצט צום טיש. פריידע האָט פריער דערלאַנגט דאָס ברויט, נאָכדעם האָט זי צוגעטראָגן אַ פּאָר זויערע אוגערקעס מיט ראָסל.

— גוט! גוט! – האָט שלמה געלויבט,–קאַרטאָפל האָט ליב אַ זויערן אוגערעק. דאָס ליגט אַזוי אין דער טבֿע... גוט–גוט!

באַלד האָט פריידע אַוועקגעשטעלט אויפן טיש אַ גרויסע ליידיקע שיסל. דאָס איז געווען ווי אַ מין דריטער קלונג, אַז קאַרטאָפל גייט! און ווירקלעך האָט אין אַ רגע אַרום פריידע צוגעטראָגן דאָס טעפּל און מיט גרויס בריהשקייט איבערגעקערט און אָנגעהויבן שיטן אין שיסל אַרײַן. שלמה האָט געקוקט, ווי די קאַרטאָפל האָבן פרייליך איינע נאָך דער אַנדערער געיאָגט זיך און געפלויגן מיט שימחה, און ער האָט העכסט צופרידן אויסגערופן:

— גוט–גוט! אַ כוואַט! נאָר, דאַכט זיך, אַז ווייניקלעך אַביסל! – האָט ער צום סוף געמאַכט אַ באַמערקונג, זעענדיק, אַז די שיסל איז ניט פול.

— עס וועט דיר זײַן גענוג צו לעבן! – האָט פריידע מיט רוגזה געענטפערט.

שלמה האָט די ערשטע קאַרטאָפל גענומען. נאָך אים האָבן גענומען די צוויי דאַרע אַרבעטער, הערציק און בערציק, און די סעודה האָט זיך פרייליך אָנגעהויבן. בײַ דער צווייטער קאַרטאָפל איז שלמה אַרײַן אין זײַן ראָלע און האָט פאַרקאַשערט אַ ביסל די היטל, ווי זי וואָלט אים געשטערט צו שלינגען. און די צוויי דאַרע בלייכע אַרבעטער האָבן ווילד געגלאָצט די אויגן: די קאַרטאָפל זײַנען פאַר זיי צו הייס געווען; וואַרטן, ווידער, זיי זאָלן זיך אַביסל אָפּקילן, האָבן זיי מורא געהאַט, אַז ר' שלמה זאָל זיי מיאוס ניט אָפּטאָן, און זיי האָבן געשלונגען הייסע שטיקע...

* * *

אַז שלמה האָט געהאַלטן שוין בײַ דער זעקסטער קאַרטאָפל, האָט זיך די טיר געעפנט, און עס איז אַרײַן אין שטוב כיענע די שוסטערקע, וואָס האָט געוווינט קעגנאיבער און האָט זיך געהאַלטן מיט פריידען און קרובֿהשאַפט.

— וווּ איז פריידע? — האָט כיענע געפרעגט קוקנדיק צום טיש, וווּ די חבֿרה האָט „געריבן" די סעודה.

— איך ווייס וווּ! — האָט שלמה טרוקן אַרויסגעברומט־מיסטאָמע אין קיך. פריידע איז אַרויס פון קיך.

— מע דאַרף אָנקאָרמענען אַזאַ אַרמיי — האָט זי זיך געקלאָגט פאַר כיענען. רק מע פּאָרעט זיך, ברוך השם!

— דו האָסט הײַנט גאָר געקאָכט אויף אָנבײַסן קאַרטאָפל — האָט כיענע געפרעגט קוקנדיק מיט הונגעריקע אויגן צום טיש.

— יאָ, קאַרטאָפלעס — ה״ט פריידע געענטפערט ווי מיט אַ זיפץ — איך האָב אפילו קיין צײַט ניט צו עסן... נעם, כיענע, אַ קאַרטאָפל — האָט זי ענדלעך צוגעלייגט ווי מיט אַ האַלבן מויל.

שלמה האָט מיט כּעס אַ הוסט געטאָן, און די צוויי אַרבעטער זײַנען בלייכער געוואָרן.

— מע דאַרף טאַקע פאַרזוכן אַ קאַרטאָפל — האָט כיענע געזאָגט צוגייענדיק צום טיש נענטער.

— שלמה האָט זיך נערוועז אַ הייב געטאָן פון באַנק און זיך צוריק אַראָפּגעלאָזן, ניט וויסנדיק וואָס צו טאָן פאַר כּעס.

— טײַערע קאַרטאָפל! — האָט כיענע געלויבט עסנדיק די קאַרטאָפל מיט גרויס אַפּעטיט.

— זאָל איר באַקאָם אַרויס! — האָט שלמה אין האַרצן געשאָלטן.

— גאָר גוטע קאַרטאָפל. וווּ האָסטו דאָס געקויפט? — האָט כיענע אַלץ געלויבט און גענומען נאָך איינע.

שלמה האָט אַ ציטער געטאָן. ווען ער וואָלט זיך ניט געשעמט, וואָלט ער אַ כאַפּ געטאָן די שיסל צו זיך און ניט לאָזן. נאָר ער איז אַזוי שטאַרק ניט געווען, און ער האָט נאָר זייער כּעסדיק געהוסט.

— ווױלע קאַרטאָפל, עס צעגייט אין מויל! — האָט כיענע אַלץ געלויבט און גענומען אַ דריטע קאַרטאָפל.

— אַ רוח אין איר טאַטן אַרײַן! — וואָס איז דאָס פאַר אַ העזה — האָט שלמה שטיל געקאָכט — דעם מוח וועל איך איר פּלעטן!..

— מאָרגן מירצעשעם דאַרף מען אויך קאָכן קאַרטאָפל — איך האָב שוין לאַנג ניט געקאָכט.

— אַז מע האָט ניט, קאָכט מען ניט, עסט מען ניט — האָט שלמה געברומט אַן צוזאַמענהאַנג, נאָר פאַרן ווילדן חשק צו שטערן דער אָרעמער קבצנטע, דער שוסטערקע, וואָס פרעסט אויף זײַנע קאַרטאָפל.

— ניין, ניט דאָס — האָט כיענע, ניט פאַרשטייענדיק שלמהס כּעס, געענטפערט. און האָט גענומען נאָך אַ קאַרטאָפל, — איך האָב קיין צײַט ניט צו שיילן...

— „שלעכט" — האָט שלמה געטראַכט און אַ וואָרף געטאָן אַ פאַרצווייפלטן בליק צו די צוויי אַרבעטער, ווי ער וואָלט זיי געזאָגט: חבֿרה, וואָס שווײַגט איר? ראַטעוועט שוין פיר קאַרטאָפל!

די אַרבעטער האָבן אָבער גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען, און כיענע האָט גענומען אַ פינפטע קאַרטאָפל...

— — — — — — — — — — — — —

* * *

– דו!!! – האָט שלמה ווילד אויסגעבּרומט, אַז כיענע איז אַרויס, – דו!!! וואָס האָסטו איר געבּעטן עסן קאַרטאָפל, האַ? בּעל צדקה!..

– איך ווייס, – האָט פריידע ווי פאַרשולדיקט געענטפערט – מע קען דאָך ניט זײַן קיין חזיר – אַ מענטש גייט אַרײַן, בּעת מען עסן. זי דאַרף דאָך אָבער אויך קיין חזיר ניט זײַן. זי דאַרף דאָך האָבּן איר אייגענע איידלקייט און ניט עסן.

– דײַנע אַ קרובה וועט האָבּן איידלקייט! – האָט שלמה געבּרומט.

– דײַנע קרובים זײַנען טאַקע זייער איידל! לייבּטשע, דײַן טײַערער פעטער, אַז ער קומט אַמאָל שבּת, פרעסט ער אויף אַלץ...

– שווײַג! – האָט שלמה זיך צעקאָכט, דערזעענדיק שוין בּאַלד די דעק פון שיסל און דערמאָנענדיק זיך, אַז ווען די שוסטערין וואָלט ניט אַרײַן, וואָלט דאָך מיט פינף קאַרטאָפל מער געווען – אויף זײַן חלק צוויי און אפשר דרײַ...

– איך האָבּ מורא פאַר דיר טאַקע! – האָט פריידע זיך ניט אונטערגעגעבּן.

בּערציק און הערציק האָבּן גענומען נאָך צו קאַרטאָפל.

די שיסל איז נאָך ליידיקער געוואָרן, און שלמהן האָט זיך נאָך געוואָלט, אַזוי שטאַרק געוואָלט שלינגען זיי, שלינגען אָן אַ סוף... און די פינף קאַרטאָפל, וואָס כיענע די שוסטערין האָט „אויפגעפרעסן", האָבּן אים רוען ניט געלאָזט, און ער האָט ווידער אַ בּרום געטאָן:

– דו שווײַגסט?!.. איך פּלעט דיר דעם מוח!

– איך לאָך פון דיר! – האָט פריידע זיך ניט געוואָלט אונטערגעבּן.

די שיסל איז ליידיק געוואָרן. אויף שלמהן איז אָנגעפאַלן אַ ווילדער כעס. די פינף קאַרטאָפל האָבּן אים בּאמת געפעלט. און זי לאַכט נאָך פון אים, – זי, וואָס זי האָט אַזאַ פרעסערין פאַר אַ קרובה.

ער האָט פאַר כעס ניט געקאָנט ריידן. ער האָט נאָר געזוכט עפּעס אויפן טיש, דאָס האַרץ איז געווען איבּערפול מיט רציחה.

פריידע האָט בּאַמערקט זײַן רציחה און עס האָט איר אויך שרעקלעך פאַרבּרענט: די האָט אַפילו קיין איין קאַרטאָפל ניט פאַרזוכט. זי האָט קיין צײַט ניט געהאַט, און ער האָט זיך אָנגעפרעסן ווי אַ פּויער, און ער שרײַט נאָך.

און זי האָט אַ געשריי געטאָן:

– גזלן דו, פרעסער! שיכור!

– וווּ איז די שער! די שער!! די שער! – האָט שלמה פאַר רציחה געשריען – איך וועל איר פּלעטן דעם מוח!

און די שטוב האָט זיך געהויבּן אין דער לופטן.

אבֿרהם רייזען.

---

# די נאַשערין.

דער אָנבײַסן איז בײַ שיינדלען געווען ניט קיין זעטיקער. אָפּקאָכן אַ טעפּל קאַרטאָפל האָט זי קיין צײַט ניט געהאַט. זי איז געווען פאַרנומען מיט די וועש, וואָס זי האָט נעכטן געוואַשן און אינדערפרי געדאַרפט אויסהענגען צו טריקענען. זי האָט אַפילו דעם אויוון ניט געהייצט און אויף מיטאָג ניט געקאָכט קיין ביסל געקעכטס.

אַז ס'איז געקומען אַ זייגער איינס, האָט חיים, דער מאַן, וואָס איז קלוימערשט אַ הענדלער, אַ זאָג געטאָן ניט גאַנץ דרײַסט:

– דו ווייסט, שיינדל, מיר ציט עפּעס אין האַרצן...

– שוין? אַזוי גיך! – האָט זיך שיינדל אָנגעכאַפּט – ווי לאַנג, דאַכט זיך, האָט מען אָנבײַסן געגעסן. איך ווייס ניט, צי עס איז פאַראַן פיר שעה...

– וואָס רעדסטו, נאַרעלע! עס וועט זײַן געזונטע פיר שעה, אויב נישט טאַקע די גאַנצע פינפטהאַלבן... – האָט חיים זיך געסטאַרעט צו ריידן וואָס ווייכער און גענומען רעכענען אין דער שטיל, טאָמער איז נאָך טאַקע קיין פיר שעה נישטאָ, זאָל זי כאָטש נישט הערן.

– אָנבײַסן האָבן מיר געגעסן פאַר צען, איצטער איז נאָך איינס... פון צען ביז איינס האָבן מיר אַ קײַמעלאָן פיר שעה... הײַנט דאָרט איז געווען פאַר צען און איצט איז נאָך איינס...

דער חשבון האָט אים אויפגעמונטערט, און ער האָט שוין כמעט ווי מיט העזה אַרויסגערעדט:

– ס'איז שוין דאָ שיינע פיר שעה, טאַקע באַלד די פינפטהאַלבן.

– און אַז צען שעה, וואָס זאָל איך דיר געבן? זאָל איך אַזוי וויסן פון בייז...– האָט שיינדל באַזאָרגט גערעדט – אין שטוב איז אַחוץ ברויט גאָר נישטאָ... אויף וועטשערע וועל איך עפּעס קאָכן.

– אפשר אַ הערינגל... – האָט חיים ווי דערשראָקן פאָרגעלייגט.

– נאָך אַ נײַס! – האָט זיך שיינדל געקרימט – וואָס איז הײַנט פאַר אַ יום טוב! הערינג איז איצט פלאַם־פײַער, אַכט גראָשן אַ הערינג, אַ ברעקל....

– נו, פונדעסטוועגן איז אַ הערינג אויף מיטאָג ניט שלעכט... שיק נאָך אַ הערינג – האָט חיים, קעגן זײַן נאַטור, זיך געהאַלטן פעסט אָן זײַן פּלאַן.

– איך וויל אויך עסן! – האָט די עלטערע זעכצניעריקע טאָכטער זיך אָנגערופן פון אַ ווינקל, וווּ זי איז געזעסן און שטיל געאַרבעט.

– און איך שטאַרב אויך עסן! – האָט זיך אָנגערופן די צוועלפיעריקע גרונע, וואָס איז געזעסן בײַם פענצטער און די גאַנצע צײַט געקוקט צו דער גאַס.

– אַ הונגער איז אויף זיי אָנגעפאַלן! – איז שיינדל אין כעס געוואָרן – פאַרוואָס חילט זיך מיר נאָך נישט עסן? דאַכט זיך, איך בין אויך אַזאַ מענטש ווי איר.

– דו עסט טאַקע גאָרנישט...–האָט חיים ווייך גערעדט- ביסט טאַקע אַ שוטה... נאַרעלע, די וועלט איז אויך אַ וועלט.

– פון וואַנען, פאַרדינער מײַנער, זאָל איך דאָס אַלץ נעמען? – האָט זי פאַרדריסלעך געפרעגט – וואָס איך רײַס נישט אָפּ פון זיך, דאָס האָב איך נישט.

— גאָט וועט העלפן, נישקאָשע – האָט חיים געגומען טרייסטן. – שיק נאָך אַ העריגנל, שיק! – איז ער וואָס ווײַטער אַלץ מער מוטיקער געוואָרן.

— גו, גיי, גרונע, אין קרעמל און נעם אַ הערינג... – האָט זיך שיינדל נאָך אַ ישוב הדעת געווענדעט צו דער ייִנגערער טאָכטער. – וועסט „איר" זאָגן, אַז מיט געכטיקן פעפער וועט זײַן איניינעם 27 גראָשן.

דאָס מיידל איז מיט שימחה אַרויסגעלאָפן פון שטוב.

— נאָר אַ גוטן! – האָט שיינדל איר נאָכגעשריען.

— מיט רויגן! – האָט אויך חיים פון זײַן זײַט צוגעשריען.

באַלד איז גרונע געקומען צו לויפן פאַרפּלאָטערט און פאַרסאַפּעט, אָבער פריילעכע, מיט אַ הערינג, אײַנגעוויקלט נאָר אין דער מיט אין אַ שטיקל פּאַפּיר.

— ווײַז, ווײַז! – האָט שיינדל אומגעדולדיק אַרויסגענומען אים פון איר האַנט, באַטראַכט אים פון אַלע זײַטן און פאַרקרימט געזאָגט:

— אַ הערינג, אַ ברעקל... אַז מע שיקט אַ „גלאָמפּ".

— ווײַז נאָר – איז שוין חיים אַליין צוגעגאַנגען צום הערינג...

אָבער שיינדל, אַן אויפגערעגטע אָן אַ באַזונדער סיבה, האָט אים אָוועק־געטריבן:

— גיי, גיי! וועסט שוין זען פאַרטיקערהייט...

דאָך האָט חיים שוין באַוויזן דעם הערינג אָנצוקוקן און האָט מיט סלינע אין מויל, וואָס די מראה אַליין פון הערינג האָט בײַ אים אַרויסגערופן, גוטהערציק געזאָגט:

— ניין, מיר דאַכט, אַז דאָס הערינגל איז דאַווקע נישט קיין שלעכטס... אַ פעטינקער הערינג...

— אָט אַזוי ווי דו ביסט פעט! – האָט שיינדל געמורמלט, כאָטש אין האַרצן איז זי אַליין געווען צופרידן פונעם הערינג.

באַלד זײַנען אַרײַנגעלאָפן די דריי קלענערע קינדער פון הויף, וווּ זיי האָבן געשפּילט, און האָבן זיך פריילעך צעוונגען: – אַ הערינג, אַ הערינג!

— מיר אַ שטיקל.

— מיר דעם עק!

— מיר דעם קאָפּ!

— זעט אַ ביסל, ווי זיי זײַנען באַפאַלן, ווי די קאָזאַקן – האָט שיינדל זיי אָפּגעשטופּט–לאָזט מיר אים פריער „מאַכן".

— דו וואָלסט אים געמאַכט מיט אַ ציבעלע–האָט חיים פאָרגעלייגט.

— עס דאַרף בײַ מיר זײַן ערגעץ אַ ציבעלע – האָט שיינדל געענטפערט און גענומען זוכן אויף דער גראַסקע, ווו זי געדענקט אויף זיכער, די ציבעלע איז נאָך נעכטן איבערפרי געלעגן.

די ציבעלע איז אָבער ווי אין דרערד אַרײַן.

— וווּ איז די ציבעלע? – האָט זיך שיינדל געווענדעט צו דער עלטערער טאָכטער.

— איך ווייס נישט, איך האָב נישט געזען.

— קיין זאַך זעט זי נישט–האָט זיך שיינדל צעקאָכט. גרונע, אפשר ווייסטו? – האָט זי זיך געווענדעט צו גרונען.

די קליינע גרונע האָט אָנשטאָט צו ענטפערן זיך שטאַרק פונאַנדערגעלאַכט, נאָר אין געלעכטער האָט זיך געהערט פאַרצווייפלונג און טרערן.

— אי, זי לאַכט! זי לאַכט! זי האָט אויפגעגעסן! — האָבן די ייִנגערע קינדער אויסגעשריִען.

— אַ ליגן! — האָט זי רויט ווערנדיק געלייקנט.

— זי האָט אויפגעגעסן! — האָט די עלטערע טאָכטער געמסרט — מע דערקענט אָן איר פּנים.

— זאָג, וווּ איז די ציבעלע? — האָט די מאַמע אויסגעשטעלט פאַרבלוטיקטע אויגן.

— איך האָב נעכטן אויפגעגעסן מיט ברויט — האָט גרונע אַ דערשראָקענע זיך פאַרענטפערט.

— זאָל אויף דיר קומען דער טויט! — איז אויף איר שיינדל אַרויפגעפאַלן מיט די דאַרע פויסטן, משומדתטע, ווי נאַשט מען דאָס אויף איינע אַליין אַ גאַנצע ציבעלע?!

— דאָס איז אַן אַקט אין דער וועלט, און זי איז ווערט, אַז מע זאָל זי אויף שטיקער צעשנײַדן! אַזאַ נאַשערין! — האָט חיים פון זײַן זײַט צוגעלייגט.

און באַלד אַלס פאָטער און דערציִער האָט ער אַרויסגעגעבן אַ פּסק:

— מע זאָל איר קיין ברעקל הערינג נישט געבן.

דעם פּסק האָט ער אויך באַגרינדעט:

— נישקאָשע, מיט אַ ציבעלע קען מען זײַן זאַט אָן הערינג.

און כאָטש חיים האָט נישט אַזאַ דעה אין שטוב, דאָך איז דער פּסק־דין דערפילט געוואָרן. עס האָט ניט געהאָלפן דער נאַשערקעס געוויין.

— אין רחמים בדין — האָט חיים זיך געשטאַרקט דאָס האַרץ, ווען אירע טרערן האָבן אויף אים אָנגעהויבן שטאַרק צו ווירקן, און דער הערינג איז שוין געווען אויפגעגעסן...

אַבֿרהם רייזען.

---

# אין די רײַכע גאַסן

װעלװל דער שוסטער, אַ הױכער דאַרער ייד מיט פריילעכע אויגן, וווינט שוין, צײַט ער איז „פאַר זיך״ אַ באַלעבאָס געוואָרן און האָט אַן אייגענעם װאַרשטאַט, אויף דער סמאָטשע גאַס. וווינען וווינט ער אין אַ קעלער. די קליינע פענצטערלעך גייען אַרויס צום הויף. דער הויף איז אַ שמאָלער, די הײַזער פירשטאָקיקע, און דעריבער איז בײַ װעלװלען אין „וווינונג״ שטענדיק „פאַרנאַכט״. ליכטיק װערט נאָר אין דער װוינונג דאַן, „ווען עס ווערט שוין גוט נאַכט״ און דאָס ווײַב צינדט אָן דעם לאָמפּ.

— עס וואָלט געווען אַ יושר — זאָגט אַמאָל װעלװל, ווען דער לאָמפּ ברענט און דאָס פײַער מאַכט אים מונטער — עס וואָלט געווען אַ יושר, אַז דער לאָמפּ זאָל בײַ אונדז אין „זאַל״ ברענען אַ גאַנצן טאָג. אַזוי זעט מען גאָרניט די טײַערע מעבל און די גאַרדינען...

דער איינציקער אַרבעטער, וועלכן ער צאָלט אַ רובל אַ וואָך מיט קעסט און קוואַרטיר, שמייכלט צו און ענטפערט:

— בעסער, ר׳ וואָלף, ציט זיך אַרויס אין אַ נײַער דירה!

— אין אַ נײַער דירה וועלן מיר זיך אויך מירצעשעם אַריבערציען, — ענטפערט װעלװל פריילעך, קלאַפּנדיק אין פּאָדעשווע די טשוועקלעך. איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר, און אפשר פריער, וועל איך האָבן אַ דירה איינס אין דער וועלט... דו ווײסט צו מיר קומען געוואָר ווערן? — ענדיקט ער, ליכטיק אויסשטעלנדיק אויפן אַרבעטער די פריילעכע אויגן.

— איידער יענע דירה, שוין בעסער דאָ אין קעלער! — ענטפערט דער אַרבעטער, אַ קראַץ טוענדיק זיך.

— וואָס איז, נאַרעלע, וואָס פעלט דאָרטן? - שמייכלט װעלװל ווײַטער — דאָרט װערסטו גלײַך אויס שוסטער און הייבסט אָן גלײַך באַקן בייגל... האָסט עפּעס ליב פרישע טרוקענע בייגל?

— בייגל מיט סמעטענע דאַרף זײַן ניט שלעכט — הייבט שוין אָן זיך ווילצלע איך דער אַרבעטער.

— ע, ביסטו שוין גאָר אַ פרעסער — ווערט װעלװל קלוימערשט ערנסט — בייגל אַליין איז דיר ווייניק, ווילסט נאָך סמעטענע?..

און אַזוי ווילצלט מען זיך פאַרן לאָמפּ אַלע נאַכט כמעט. עס איז קענטיק, אַז די ליכטיקייט מאַכט אויף די צוויי אַרבעטער אַ גרויסע ווירקונג. און װער ווייס, ווי פריילעך זיי װאָלטן זײַן, ווען אַ גאַנצן טאָג וואָלט טאַקע אַ לאָמפּ אין קעלער געברענט?..

דאָס איז אָבער אַ זאַך, וואָס איז ניט מעגלעך. נאַפט איז זייער טײַער, און פאַרדינען פאַרדינט װעלװל זייער ווייניק. ער אַרבעט פאַר אַ פאַבריק און נעמט זעקס רובל אַ װאָך. צאָלט ער פאַרן קעלער צוויי רובל אַ וואָך, אַ רובל נעמט צו דער אַרבעטער און דרײַ רובל גייט אַוועק אויף עסן פאַר אים מיטן אַרבעטער, מיט דער װײַב און די צוויי קינדער, וואָס ער האָט. עס איז גוט, װאָס עס קלעקט אויף נייטיקע זאַכן, אָבער ניט אויף לוקסוס-ברענען בײַטאָג אַ לאָמפּ...

אמת, אַמאָל טרעפט, אַז ער דאַרף נויטיק אָפּשוואַרצן אַ קנאָפּל. ביי טאָג, דעמאָלט מוז ער אָנצינדן פייער. נאָר דערצו האָט ער אַ קליין לעמפּעלע אָן אַ גלעזל, וואָס רויכערט מער, איידער עס ברענט. און וועלוול האָט ניט קיין גרויסן תענוג פון אַזאַ מין ליכטיקייט. פאַרקערט, כייקע, אַ שוואַכע קראַנקע פרוי, קלאָגט זיך ניט זעלטן, אַז זי פאַרטשאַדעט דעם קאָפּ פון רויך.

— ביסט דאָך גאָר אַ גאַנצע „מאַדאַם", מיין ווייב — ווילט זיך דעמאָלט וועלוול—ווי ביסטו דאָס געהאַדעוועט געוואָרן?

אַז ער דערהערט אָבער כייקעס אַ קרעכץ, פאַרשווינדט זיין וויציקע שטימונג, און ער ענטפערט ערנסט און גערירט:

— שאַ, כייקעלע, שאַ. באַלד פאַרלעש איך. אָט איך שוואַרץ נאָר אָפּ דעם קנאָפּל. און ער פאַרלעשט טאַקע באַלד...

---

יאָ, אַ גאַנצע וואָך וווינט וועלוול אויף דער סמאָטשע גאַס אין פינצטערן קעלער און לעכצט נאָך אַ ביסל ליכט; דערפאַר אָבער שבת ציט ער זיך אַריבער אין די שענסטע, ליכטיקסטע, רייכסטע וואַרשעווער גאַסן און פאַרגעסט דאַן די סמאָטשע גאַס, דעם קעלער און אפשר זיך אַליין. עס טוט זיך אויף אים אָן נאָר אַן אַנדער הויט, ער ווערט עפּעס גאָר אַן אַנדער מענטש. עפּעס פילט ער, אַז ער איז אַ ביסל גליין צו די איבעריקע מענטשן, וואָס ער באַגעגנט אין די רייכע, שיינע און ליכטיקע גאַסן...

שבת שטייט ער אויף גאָר פרי.

כייקע קען ניט פאַרשטיין, וואָס איז אויף אים אַזאַ איילעניש.

— ער האָט איין טאָג אין וואָך, וואָס ער קען זיך אויסשלאָפן. שטייט ער אויף נאָך פריער ווי אין מיטן דער וואָך. אַ משוגענער און גאָר. ביז צען אַזייגער איז ער שוין פאַרטיק מיטן טשאָלנט. ער טרייבט און יאָגט גיכער! און גייך נאָכן עסן לאָזט ער זיך גיין צו די רייכע, שיינע גאַסן.

אָט איז שוין די סמאָטשע גאַס הינטער אים. עס באַווייזט זיך שוין עפּעס אַ שענערע גאַס. וועלוול הייבט שוין אָן גיין לאַנגזאַמער—דאָ איז אויך ניט שלעכט. נאָר ער האָט נאָך אין זינען די איבעריקע, לוסטיקע גאַסן, און אַ וואַרעמע פרייד גיסט זיך און פליסט דורך אַלע זיינע גלידער, און ער קלערט און האָפט: באַלד, באַלד!..

אָט איז שוין די מעד-גאַס. ברייט און לאַנג איז זי. דער ברוק — פון טייערן האָלץ. די הייזער זיינען אַלע פון איין הייך, אויפגעשטעלט ווי אַ פּאַלק סאָלדאַטן — סמירנאָ! אַ מחיה דאָ... נאָר ניין! די גאַס איז נאָך גאָרנישט אַנטקעגן דער קראָקעווער פאַרשטאָט, וואָס נעמט זיך רעכטס פון דער מעד-גאַס. דאָס איז אַ ביסל אַ גאַס!.. אַך! ווי ברייט זי איז! ווי ריין!.. עס פינקלט אין די אויגן!

וועלוול איז אַפילו אַ ייד ניט קיין פּחדן, לאַכט זיך אויס פון אַלץ אין דער וועלט, נאָר אויף דער קראָקעווער פאַרשטאָט טרעט ער אַריין אַ ביסל דערשראָקן און צעטומלט. און עס לויפט אים דורך אין קאָפּ עפּעס אַ פראַגע, צי מעג מען דאָ גיין. נאָר ער דערמאָנט זיך גלייך, אַז דאָס האָט ער אַ טעות: דאָ מעג מען יאָ, — אין זאַקסישן גאָרטן טאָר מען ניש...

און וועלוול ווערט פריילעך און לאַכט אין האַרצן פון די נאַרישע אָרדענונגען אין וואַרשע:

— זיי ווייסן זייער וואָס צו פאַרווערן! — טראַכט ער — אויך מיר אַן אומגליק גיט צו גיין אין זאַקסישן גאָרטן!.. וואָס איז דאָרט אַזוינס? — ביימער! אַ טײַערע מײַסע! אָט דאָ וואָלטן די נאַרן פאַרווערן, וואָלט טאַקע געווען אַן אומגליק... דאָ איז טאַקע גוט, ליכטיק, גערוים, ברייט...

און וועלוול גייט ווייטער, טיפער אַרײַן אין דער רײַכער גאַס און קען ניט פאַרשטיין, פאַרוואָס איז דאָ ניט פאַרווערט אים צו גיין... אמת, ער האָט אָנגעטאָן די שבתדיקע קאַפּאָטע, וואָס האָט שוין אין די אַרבל צו לאַטקעס, אָבער וואָס פאַר אַ ווערט האָט עס אין אַזאַ רײַכער גאַס?..

און וועלוול באַנוצט זיך מיט דער נאַרישקײַט פון די וואַרשעווער אָרדענונגען, וואָס מע לאָזט אים דאָ גיין, און הייבט זיך אָן אָפּשטעלן בײַ אַלע גרויסע פינקלענדיקע מאַגאַזינען. זײַן אויג קען זיך זאַט נישט אָנקוקן, און ער קוקט און אײַלט זיך אין אויג דערזעט איין אויסשטעלונג, דאָס צווייטע אויג כאַפּט אַ קוק אויף אַ ז...טער אויסשטעלונג. וועלוול וויל אַלץ באַקוקן, און דאָ איז קיין צײַט ניטאָ, דער טאָג שטייט ניט... און ער גייט ווײַטער און ווײַטער.

און גייענדיק פאַלן אים אַרײַן טויזנטער מחשבות, איינע ווילדער פאַר דער אַנדערער. אַזעלכע מחשבות, וואָס ווען זיי וואָלטן אים אין מיטן וואָך אַרײַנגעפאַלן, וואָלט ער זיך זיכער דערשראָקן און מיינען, אַז ער ווערט משוגע. דאָ ווערט ער אָבער אַ גרויסער בעל דימיון. און אַפילו אויף דער מחשבה, וו... פליט אים עמעס אַלע שבת דורך אין קאָפּ, צו איבערציִען זיך אַמאָל, כאָטש ווען-עס-איז, כאָטש פאַרן טויט, אַהער אין דער גאַס, דינגען דאָ אַ וווינונג—אַפילו אויף אָט דער מחשבה קוקט ער אויך גלײַכגילטיק, ווי אויף עפּעס מעגלעכעס...

שבת, וווינענדיק אויף די רײַכע גאַסן, ווערט ער גאָר אַן אַנדער מענטש...

דורכגיין אַלע רײַכע, לוסטיקע, ליכטיקע גאַסן געדויערט בײַ אים דער גאַנצער טאָג. פאַרנאַכט לאָזט ער זיך גיין צוריק, צוריק... די רײַכע גאַסן פאַרשווינדן אַלץ מער און מער, בלײַבן הינטער אים, און ער פאַלט אַלץ ביסלעכווײַז צוריק אַרײַן אין די אָרעמע גאַסן, ביז ער דערגרייכט צו דער סמאָטשע גאַס...

בעת ער קומט צו דער סמאָטשע גאַס, איז שוין טונקל. ער לאָזט זיך אַרײַנגיין אין קעלער, פרעגט, פאַרוואָס צינדט מען ניט אָן קיין פײַער, און באַקומענדיק אַן ענטפער, אַז עס איז ניטאָ קיין נאַפט, פאַלט ער אַ מידער אויפן צעבראָכענעם בעטל און ווערט אַזוי אײַנגעשלאָפן אין דער פינצטער.

אין חלום אָבער זעט ער נאָך די רײַכע, ליכטיקע גאַסן...

אברהם רייזען.

---